# מ. ז. פייערבערג

## — קאַפּיטלעך עראינערונגען —

——— פון ———


## ש. צ. זעצער


העפט 1

---


ארויסגעגעבן פון

„ש. צ. זעצער געזעלשאַפט"

ניו־יאָרק, 1934

* *
*

„איצט בין איך שוין אַלט און גרוי געוואָרן.

„מיינע שולטערן זיינען איינגעבויגן, די האָר מיינע זיינען ווייס, און די יונגע כוחות מיינע זיינען שוין פאַרשוואונדן, פאַרשוואונדן".

„ניט זאַט מיט יאָרן בין איך, נאָר זאַט מיט צער און פּיין. ניט די משא פון מיינע יאָרן האָבן מיינע שולטערן איינגעבויגן, נאָר די שווערע משא פון מיין טרויער און די שווערע ליידן פון מיין לעבן."

אַט אַזוי הויבט אָן פייערבערג זיין עלעגישן עטיוד „ א פרילינגס נאַכט".

און ווירקלעך, ווען די דאָזיקע עלעגישע טענער האָבן זיך פון זיין טיף פאַרוואונדעט האַרץ אַרויסגעריסן, איז פייערבערג דאַן נאָך אין זיינע בחורשע יאָרן געשטאַנען. ער איז דאַן קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען.

ווי קורץ אָבער עס איז געווען דער לעבנס־וועג, וואָס ער האָט ביז דאַן דורכגעמאַרשירט, זיינען דאָך אַזויפיל געווען די שטרויכלונגען, וואָס ער האָט אויף דעם דאָזיקן לעבנס־וועג זיינען אָנגעטראָפן, איז דאָך אַזוי גרויס געווען די מאָס פון די שווערע ליידן, וואָס האָבן אים דאָס גאַנצע לעבן זיינס ביז דאַן אין קלעם געהאַלטן: די שווערע ליידן, וואָס האָבן סוף כל סוף דעם פרוכטבאַרן, שיינעם, יונגן בוים אין זיין בליענדער יוגנט אונטערגעהאַקט.

ער איז קוים צוואַנציק יאָר אַלט געווען ווען ער האָט די דאָזיקע טרויעריקע פיינפולע שורות געשריבן.

און ניט מער ווי נאָך קוים פיר יאָר האָט ער געלעבט נאָכדעם, וואָס ער האָט די דאָזיקע שורות געשריבן.

זיין גאַנץ לעבן איז נאָר פיר און צוואַנציק יאָר געווען.

אין דעם דאָזיקן קורצן לעבן זיינעם האָט ער אָבער באַוויזן רייכע אוצרות אין דער העברעאישער ליטעראַטור אַריינצוטראָגן. ער האָט דער העברעאישער ליטעראַטור אַ מערקווירדיקע רייכע ירושה נאָך זיך איבערגעלאָזט. ניט פיל יאָרן האָט ער געשריבן. זיין שאַפונגס־פּע־ריאָד האָט געדויערט אַזוינע דריי־פיר יאָר בסך הכל. אין די דאָזיקע

פיר יאָר אָבער, איז די העברעאישע ליטעראַטור אַזוי צוזאַמענגע־וואַקסן געוואָרן מיט אים, אַז עס איז אוממעגלעך צו דענקען פון איר עקזיסטענץ אָן דער באַטייליגונג פון פייערבערג אין איר. ניט פיל האָט ער געשריבן. זיינע שאַפונגען שטעלן צוזאַמען ניט מער ווי איין קליינעם באַנד, וואָס אַנטהאַלט נאָר א הונדערט און פופציק זייטן. דער דאָזיקער באַנד אָבער האָט אים מיט אַזאַ „השארת הנפש״ פאַרזאָרגט, צו וועלכן נאָר געציילטע יחידי סגולה אין א משך פון דורות גאַנצע קענען זוכה זיין.

אפשר באַלאַנגט ניט פייערבערג צו די שריפטשטעלער, פאַר וועלכע עס ווערט א גרויסער שטח אָפּגעטיילט אין דעם פאַנטעאָן פון דער נאַציאָנאַלער קולטור פון א פאָלק. אפשר באַלאַנגט ער צו די, וואָס ווערט פאַר זיי דאָרטן נאָר א קליין ווינקעלע אָפּגעטיילט. דאָס איז אָבער אַזאַ ווינקעלע פון וועלכן עס ציט זיך שטענדיק א שפע פון קדושה איבער דעם גאַנצן פאַנטעאָן, אַזאַ ווינקעלע, וואָס צייכנט זיך אַזוי אויס מיט דער האַרציקער, פרומער אַטמאָספערע, וואָס הערשט דאָרטן, אַזאַ ווינקעלע, פון וועלכן עס שטראַלט אַזויפיל נשמה־ליכט ארויס.

דער קליינער באַנד שריפטן פון פייערבערגן באַלאַנגט צו די אינטימסטע ביכער, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. צו אָט יענע געציילטע, אינטימע ביכער, וואָס די שרייבער זייערע פאַרקערפּערן אין זיי שטיקער גאַנצע פון זייער נשמה; צו אָט יענע געציילטע אינטימע ביכער, וואָס ווערן „מיט דער זאַפט פון מארך, מיט דעם בלוט פון הארצן״ געשריבן, וואָס יעדער געשריבן וואָרט דאָרטן טרעט אין לעבעדיקע געשטאַלטן ארויס פאַר דעם לעזער, וואָס אין יעדער אָנגעשריבענער שורה דאָרטן פילט זיך א נשמה־ציטער.

מערקווירדיק.

ווען מיר לייענען דעם דאָזיקן קליינעם באַנד שריפטן, פאַרטראַכטן מיר זיך אָפּטמאָל וועגן דעם נאָמען מיט וועלכן די געלייענטע פון אונז דאָרטן שאַפונגען דאַרפן באַצייכנט ווערן. מיר זיינען אין צווייפל דאַן צי מקען די דאָזיקע שאַפונגען אַלס דערציילונגען, אַלס סקיצן באַטראַכטן. דאָ אָדער דאָרטן שטויסטו זיך אָן אויף א וואונדערלעכער נאַטור־שילדערונג, אויף וואונדערלעכע, טיף־פּסיכאָלאָגישע שילדע־

רונגען פון פסיכישע איבערלעבונגען, אויף וואונדערלעכע באַשרייבונגען פון פראַגמענטן גאַנצע פון מענטשלעכן לעבן. אינגאַנצן גענומען זיינען זיי אָבער אַזוי ווייט פון דעם אָנגענומענעם טיפּ דערציילונגען, פון דעם אָנגענומענעם טיפּ סקיצע.

דאָס געדויערט אָבער נאָר אַ ווײַלע. מיר אָריענטירן זיך באַלד, אַז מען קען צו פייערבערגס שאַפונגען ניט צוגיין מיט דעם געוויינלעכן, אָנגענומענעם מאַסשטאַב.

יאָ דערציילונגען, אָדער ניט קיין דערציילונגען. יאָ סקיצן, אָדער ניט קיין סקיצן, אַ נפקא מינה אַ גרויסע. אויב מען קען צווייפלען וועגן דעם צי מקען זיי אַלס דערציילונגען באַצייכענען, קען מען מען שוין דער פאַר גאָרניט צווייפלען וועגן דעם, אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך קונסט־שאַפונגען פון גאָר גרויסער באַדייטונג. ווי פון אַ קוואַל שלאָגט דאָך אַזויפיל אינטענסיווע שאַפונגס קראַפט אין זיי. עס שטראָמט דאָך אין זיי אַזויפיל עמאָציאָנעלע שאַפונגס־ענערגיע. די השפּעה אַלס קונסט־ווערק, וואָס זיי איבן אויף דעם לעזער אויס, איז דאָך אַזאַ טיף־ווירקנדיקע, אַזאַ באַהערשענדע.

אויב זיי זיינען ניט קיין דערציילונגען, זיינען זיי דערפאַר עפּעס, וואָס שטייט בכלל איבער ליטעראַטור אין אָנגענומענעם זין. פייערבערגס קליינער באַנד שריפטן באַלאַנגט צו אָט יענע ווייניקע ביכער, וואָס שטייען אַזוי נאָענט לויט דעם, וואָס זיי צווינגען אַרויף זייערע שטימונגען אויף דעם לעזער צו די תהלים־געזאַנגען, צו די תהלים־תפילות; צו אָט יענע ווייניקע ביכער, וואָס לייענענדיק זיי, ווערן מיר אָן דעמאָלסט אונזער אייגן פּסיכיש־לעבן, איינלעבענדיק זיך דאַן אינגאַנצן אין דעם פּסיכישן לעבן, וואָס ווערט אין זיי געשילדערט; צו אָט יענעוויייניקע ביכער, וואָס די השפּעה זייערע, וואָס זיי איבן אויס אויף אונז, פאַרמאָגט אין זיך עטוואָס פון דער היפּנאָטיזירנדער השפּעה פון עקזאַלטירטער רעליגיעזער תפלה; צו אָט יענע ווייניקע ביכער, וואָס יעדע שורה, יעדעס וואָרט, וואָס מיר לייענען דאָרטן, זויגן זיך ביז די טיפסטע טיפענישן אירע אין אונזער נשמה איין.

דער קליינער באַנד שריפטן פון פייערבערגן צייכנט זיך אויס, ווי קיין אַנדער בוך אין דער נייער העברעאישער ליטעראַטור, מיט זיין

עלעגישן, לירישן טאָן. עס איז אין אים, ווי אין קיין אַנדער בוך פון דער נייער העברעאישער ליטעראַטור, צו שאַרפן, פולן אויסדרוק געקומען דער יאוש און דער גלויבן, די שטימונגען און די שטרעבונגען פון אַ גאַנצער תקופה, פון אַ גאַנצן דור.

און דעריבער הערט זיך אין אים אַזויפיל נשמה־געזאַנג.

און דעריבער הערט זיך אין אים אַזויפיל נשמה־געוויין.

און נעמט אונזער אויער אויף דעם נשמה געזאַנג, וואָס הערט זיך אין אים, הויבט דעמאָלסט אויך אונזער נשמה אָן זינגען.

און ווערט פון אונער אויער אויפגענומען דאָס נשמה־געוויין, וואָס טראָגט זיך פון דאָרטן, הויבט דאַמאָלסט אויך אונזער נשמה אָן וויינען.

און דעריבער איז אַזאַ פרומע, הייליקע באַציאונג געבליבן אין דער העברעאישער ליטעראַטור צו דער ירושה, וואָס פייערבערג האָט איר איבערגעלאָזט, אַ פרומע, הייליקע באַציאונג, ווי די באַציאונג פון קינדער צו די לעצטע ווערטער פון זייער היים געליבטער מוטער, וואָס זי האָט צו זיי אין די לעצטע טעג פון איר לעבן, פון איר טויטן בעט גערעדט.

מיין אַבזיכט איז אָבער איצט ניט צו געבן אַן אויספירלעכע אָפּשאַצונג וועגן דעם שאַפן פון פייערבערגן. וואָס איך וויל הויפּטזעכלעך, מיט מיין איצטיקן שרייבן וועגן פייערבערגן — איז נאָר געבן אין אַלגעמיינע שטריכן זיין לעבנס באַשרייבונג: טיילן זיך מיט דעם לעזער מיט אייניקע פון די דערינערונגען, וואָס זיינען מיר געבליבן פון דער צייט, וואָס מיר האָבן צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען געלערנט, צוזאַמען אונזער השכלה־קאַמף אָנגעפירט.

## א.

# פייערבערגס קינדער יאָרן

מרדכי זאב פייערבערג איז געבאָרן געוואָרן דעם 20טן סעפּטעמבער פון יאָר 1874 — לויט אונזער צייט־רעכענונג: אין דעם ניינטן טאָג פון תשרי פון יאָר תרל"ה — אין דעם קליינעם שטעטל נאָוואָגראד־וואָלינסק, וואָלין. אידן רופן דאָס דאָזיקע שטעטל לויט איר אַלטן פוילישן נאָמען „זוואָגעלא" — זוועהיל אָדער זוויהיל. עס ווערט אויך געשריבן זוואהיל. נאָוואָגראַד־וואָלינסק איז, אגב, איינע פון די שענסטע שטעט אין וואָלינער גובערניע. נאָך זשיטאָמיר, די הויפּט־שטאָט פון דער גובערניע, איז נאוואגראד־וואָלינסק אפשר די שענסטע שטאָט אין וואָלין. מ. ז. פייערבערגס פאָטער, שמעון פייערבערג, וועלכער איז געווען אַ שוחט, איז געווען אַ גרויסער אָרימאַן כל ימיו און נאָך אַ גרעסערער רעליגיעזער פאַנאַטיקער.

ווען פייערבערג איז נאָך געווען אַ קליין קינד, האָט זיין פאָטער זיך איבערגעצויגן קיין הילסק, אַ דאָרף נעבן נאוואגראד־וואָלינסק. דאָרטן האָט די פאַמיליע פייערבערג פאַרבראַכט היבשע עטלעכע יאָר. די פאַמיליע האָט זיך צוריק אין שטאָט איבערגעצויגן, ווען פייערבערג איז שוין אַלט געווען עלף יאָר.

פייערבערג האָט אַזוי אַרום פאַרבראַכט די קינדערישע יאָרן זיינע אין אַ דאָרף אַטמאָספערע, אין אַן אומגעבונג פון ווייט און ברייט פונאַנדערגעלייגטע פעלדער און וועלדער, און פון בלויע און טיפע הימלען, אין אַן אומגעבונג פון וואונדערלעכע נאַטור־שיינקייטן. דאָס האָט מיטגעבראַכט דערצו, אַז זיין טיפע איינגעבוירענע עמאָציאָנאַליטעט, אַז די איינגעבוירענע אין אים פּאָעטישע געפילן זיינע, דער איינגעבוירענער אין אים ראָמאַנטיזם זיינער, זאָלן שוין אין דער פריסטער יוגנט זיינער אַ גינסטיקן באָדן פאַר זייער אַנטוויקלונג געפינען. דאָס אַלץ האָט מיטגעבראַכט דערצו, אַז די דאָזיקע אויבנדערמאָנטע, איינגעבאָרענע אין אים פּסיכישע איינגנשאַפטן זאָלן זיך ביי אים אין שאַרפער אויסגעשפּראָכנקייט פאָרמירן. דאָס איינזאַמע,

שטיל רואיקע דאָרפּס לעבן האָט אַנטוויקלט ביי אים שוין אין די קינדערשע יאָרן זיינע אָט יענע פּאָעטישע ווייכקייט, אָט יענעם פיינעם, לירישן געמיט, מיט וועלכן זיין שרייבן צייכנט זיך אין אזא גרויסער מאָס אויס. די דאָזיקע קינדער יאָרן זיינע זיינען אַ באַדייטנדער פאַק־טאָר געווען אין דער פאָרמירונג פון זיין פּסיכישן איך. זיי האָבן אין אים צו פולן אויסדרוק געבראַכט די איינגעבאָרענע פעאיקייט זיינע מיט שאַרפער פילבאַרקייט אויפצונעמען איינדריקע פון לעבן; מיט שאַרפער פילבאַרקייט אויף זיינע דערשיינונגען צו רעאַגירן. זיין לעבן מיט דער נאַטור אין זיינע קינדער־יאָרן האָט אים מיט דער גע־בענטשטער מתנה באַשאָנקען צו קענען מאָלן פאַר אונז די רייכע נאַ־טור־בילדער מיט אַזויפיל מייסטערשאַפט, מיט אַזויפיל קינסטלערישן אויסדרוק.

* * *

ווי איך האָב שוין פריער געשריבן, האָט זיך די פייערבערג פאַמיליע באַזעצט ווידער אַמאָל אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק. ווען מ. ז. פייערבערג איז אַלט געווען עלף יאָר, האָט זיין פאָטער אים געשיקט לערנען אין חדרים, וואו ער האָט פיר יאָר פאַרבראַכט. אַמאָל האָט ער מיט אים אויך אַליין געלערנט.

אין חדר האָט פייערבערג ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע גרוי־סע פעאיקייטן צו די לימודים פון „תלמוד”. ער איז מיט אַ גרויסער פּאָעטישער נשמה געבאָרן געוואָרן. אויסערדעם האָט אויך דאָס, וואָס ער האָט זיך געפונען אין דאָרף עטלעכע יאָר, אויסגעאיבט אַ גרויסן איינפלוס — ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן דערויף — אויף דער אַנטוויקלונג פון זיין פּאָעטישן געמיט. דעריבער זיינען די לימודים פון תלמוד צופיל טרוקן געווען פאַר אים דעמאָלט. זיינע עסטעטישע געפילן, זיינע פּאָעטישע עמאָציעס האָבן זיך אַנטוויקלט ביי אים אויף דעם חשבון פון זיינע אינטעלעקטועלע פעאיקייטן. ער האָט געלעבט דאָן אין אַ וועלט פון וויזיאָנען, אין אַ וועלט פון טרוימען. די וועלט פון „הויות דאביי ורבא” איז דעריבער צופיל פּראָזאאיש געווען פאַר אים דאַמאָלסט. דער „כח הדמיון” זיינער האָט זיך אַנט־וויקלט ביי אים נאָך אין אָט די דאָזיקע קינדערשע יאָרן זיינע. אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער מיר דערציילט פיל מאָל, ווי

שטאַרק עס איז געווען דער כח הדמיון זיינער אין אָט יענער פרי־מאָרגן תקופה פון זיין לעבן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט געקענט דעמאָלט עטלעכע וואָכן דורכאַנאַנד אַרומטראָגן זיך מיט אַ פאַנטאַזיע, אַז ער שוועבט אין דער לופטן אַרום, אַז ער ווערט פון ווינט געטראָגן. און פיל מאָל, ווען ער איז געזעסן אַליין, אָדער, ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון מלאכים אָדער פון שדים, וועל־כע באַגלייטן אים אויף דעם וועג זיינעם, און ער פאַרברענגט און רעדט מיט זיי. אויך פילע פון אונזערע נאַציאָנאַלע העלדן, וואָס די אידישע לעגענדע האָט זיי באַקרוינט מיט אומציילִיקע לעגענדן און וואונדערגעשיכטן, זיינען ווי לעבעדיקע — האָט ער מיר דער־ציילט — פאַר זיינע אויגן פון זייערע קברים אויפגעשטאַנען, און ער זעט זיי, רעדט און פאַרברענגט מיט זיי, און זעט אַלץ, וואָס עס איז מיט זיי געשען.

פון די וויזיאָנען, וואָס ער האָט געזען, זיינען געווען: „מתן תורה" אויף דעם באַרג סיני; דער קאַמף, וואָס אליהו האָט אָנגעפירט אויף דעם „הר הכרמל" געגן די „נביאי הבעל"; שמואלס זאַלבן אין דער שטיל דודן פאַר אַ מלך; דער טרויער מאַרש פון די אַרויסגע־טריבענע פון שפּאַניען, אין פּאָראַויס פון וועלכן דער אברבנאל איז געגאַנגען. אויסער די וויזיאָנען האָט ער געזען דאַן נאָך אַנדערע בילדער, נאָך אַנדערע וויזיאָנען, וואָס איך געדענק שוין ניט איצט.

איך ווייס ניט, צי עס איז באמת טאַקע אַזוי שטאַרק געווען דער „כח הדמיון", וואָס פייערבערג האָט פאַרמאָגט, אַז ער האָט דער־גרייכט ביז צו אַזאַ הויכער מדרגה נאָך אין דער דאָזיקער פריסטער יוגנט זיינער. אָדער זיין צושרייבן די דאָזיקע זעאונגען זיינע צו אָט יענע ווייטע טעג פון זיין לעבן, איז נאָר געווען אַ פּראָדוקט פון זיין שטאַרקער, רייכער פאַנטאַזיע אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן. וואָ־רים אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן האָט ער, ווירקלעך, אין אַ רייכער וועלט פון וויזיאָנען, פון זעאונגען געלעבט. עס קען דעריבער זיין, אַז אין אמתן האָט ער די אַלע אויבנדערמאָנטע זעאונגען ערשט דעמאָלט געזען. דער שטאַרק אַנטוויקלטער אָבער דאַמאָלסט כח הדמיון זיינער האָט געווירקט אויף אים ער זאָל דענקען, אַז ער

ש. צ. זעצער

האַט דאָס אַלץ שוין געזען אַמאָל, ער זאָל אויפנעמען אַט יענע וויזיאָנען ניט ווי אָריגינעלע, אָט ערשט דערשינענע זעאונגען, נאָר ווי רעפלעקטיווע, ווי וויזיאָנירטע דערינערונגען.

ווי מיר זאָלן זיך אָבער ניט באַציען צו די דאָזיקע דערציילונגען זיינע, איז אָבער גאָר קיין ספק ניט, אַז ער איז שוין אויך טאַקע אין די קינדער יאָרן אַ גרויסער וויזיאָנער און טרוימער געווען.

ב.

# אין קאַמף מיט דער אַלטער וועלט

אין חדר האָט פייערבערג געלערנט, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַ פיר יאָר. נאָכדעם האָט אים זיין פאָטער אַרויסגענומען פון חדר. פייערבערג האָט דאַן געלערנט אין קלויז פון זיין פאָטער, וועלכער איז אַ טשערנאָבילער חסיד געוועזן.

מיט זיין אָנקומען לערנען אין קלויז, האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים אַ נייע תקופה אין זיין לעבן, די השכלה תקופה; די תקופה פון אַנטוויקלען זיך, פון פאַרפאָלקאָמען זיך.

זיין פאָטער האָט אָנגעהויבן זאָרגן דאַן פאַר דעם תכלית פון זיין זון. האָט ער אים געצוואונגען צו לערנען „שחיטה" און „טריפות". דער דאָזיקער לימוד אָבער איז אים ניט צום האַרצן געווען. ער איז פאַר אים, ווי אַ שווערע משא געווען. ער האָט געפילט אַ מין עקל צו דער שחיטה־באַשעפטיקונג. נאָך אין זיינע קינדערשע יאָרן האָט אין אים אַן אומהיימלעך געפיל אַרויסגערופן דאָס קוילן פון „בעלי חיים", ווי ער האָט דעם דאָזיקן געפיל מייסטערהאַפטן אויסדרוק געגעבן אין זיין ערשטער דערציילונג „דאָס קעלבל". עס קען אויך זיין, אַז די דאָזיקע שחיטה באַשעפטיקונג פון זיין פאָטער האָט אַ סך מיטגעווירקט דערויף, עס זאָל זיך ביי אים פאָרמירן אָט יענע אומפריינטלעכע באַציאונג, מיט וועלכער ער האָט זיך באַציוגן צו די עלטערן זיינע אין דעם משך פון זיין קראַנקייט, ווי אויך אַ סך פריער נאָך.

פייערבערג האָט פאַרמאָגט אַ סך ווייכקייט, אַ סך האַרציקייט אין זיין נאַטור. ער איז געווען זייער אַ סענטימענטאַלער. שוין אין די קינדערשע יאָרן האָט ער געקענט לייכט באַווירקט ווערן פון ליידן, פון צער, און וואָס פאַר אַ פאָרם זיי זאָלן ניט זיין. עס האָט זיך דעריבער געמוזט פאָרמירן ביי אים אַן אומפריינטלעכע באַציאונג צו זיין פאָטער, וועלכן ער האָט אַזוי אָפט מיט אַ „חלף" אין אַ האַנט געזען אַרומגיין. יעדן מאָל, וואָס ער האָט געזען דעם חלף אין זיין

פאָטערס האַנט, האָט ער געמוזט פון אַ שטאַרקן רחמנות געפיל באַ־הערשט ווערן. יעדן מאָל, וואָס עס איז צו אים דערגאַנגען דאָס געשריי פון אַ קעלבל, וואָס איז צו דער שחיטה געפירט געוואָרן — האָט זיך אים געמוזט דאַכטן, אַז ער הערט אין דעם דאָזיקן גע־שריי אַ פּראָטעסט, תרעומות ביטערע געגן די מעשים פון פאָטער זיינעם.

אַזוי צי אַזוי, דאָס לערנען זיך שחיטה איז אים — פייערבערגן — ניט צום האַרצן געווען. לויט זיין גאַנצער נאַטור, לויט זיין גאַנצן אינערלעכן וועזן, האָט אויספירלעכער „פלפול”, אויספירלעכער „משא ומתן” וועגן דעם, ווי אַזוי, אויף וואָס פאַר אַן אופן, מען זאָל לע־בעדיקע באַשעפענישן — מעגן זיי אפילו נאָר שטומע צינגער זיין — פון דער וועלט אומברענגען, געמוזט ביי אים אַ ווידערגעפיל אַרויס־רופן.

אין אַלגעמיין האָט פייערבערג, ווי עס איז שוין פריער געזאָגט געוואָרן, קיין גרויסן אינטערעס ניט אַרויסגעוויזן צו די לימודים פון תלמוד. זיינע ידיעות אין תלמוד זיינען דערפאַר טאַקע אויך זייער קליינע געווען. אויך אויבערפלעכלעכע זייער. פוסקים האָט ער כמעט גאָר ניט געלערנט. אויך די מפרשי התלמוד האָט ער ניט געשטודירט.

אין קלויז, וואו ער האָט געלערנט דאַן, האָבן זיך שוין געפונען אייניקע לערנער, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעשמעקט אַביסל מיט דער העברעאישער השכלה. האָבן זיי געזוכט אויך פייערבערגן פאַר דער השכלה געווינען. פייערבערג, וואָס איז אַן אומצופרידענער אַרומ־געגאַנגען אין דער אַלטער וועלט פון דער טראַדיציאָנעלער דערציאונג, אין וועלכער מען אָט אים געהאַלטן, האָט זיך אָן אַ ווידערשטאַנד אונ־טערגעוואָרפן אונטער דער אַגיטאַציע, וואָס די משכילים פון יענער קלויז האָבן אויף אים אויסגעאיבט. ער האָט מיט גרויס חשק גע־לעזן די השכלה ספרים, וואָס זיי האָבן אים געגעבן. אַ חוץ די העב־רעאישע השכלה ספרים, האָט ער אויך אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט דעם שטודיום פון תנ״ך. ער האָט אויך געלערנט מדרש, די אגדה פון תלמוד — און אַ נייע וועלט, אַ רייכע, צויבערפולע וועלט האָט זיך געעפנט איצט פאַר אים. ער האָט דאַן פילע שטונדן אין טאָג גע־

לערנט מיט גרויס התלהבות. ער האָט איצט די וועלט געפונען, צו וועלכער די נשמה זיינע האָט געגאַרט די גאַנצע צייט, וועלכע זי האָט אַזוי לאַנג אַרומגעזוכט.

דער ערשטער השכלה־ספר, וואָס פייערבערג האָט געלייענט איז העברעאיש איז געווען דער „אביעזר״ פון רמ״א גינצבורג. אויך מיר האָט ער געגעבן דעם דאָזיקן ספר פאַר מיין אָנהויב לייענען די השכלה ספרים, ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט אים. און איינמאָל האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז די אַלע משכילים, וואָס ער קען — איז די ערשטע השכלה זייערע געווען פון דעם דאָזיקן ספר.

פייערבערג האָט דאַן אויך אָנגעהויבן שטודירן די נייע העב־רעאישע ליטעראַטור. ער האָט געלייענט די ראָמאַנען און דערציי־לונגען פון מאַפו, סמאָלענסקין און ברוידעס, און די לידער פון י. ל. גאָרדאָן אוןביידע לעבענזאָנס, דער פאָטער מיט דעם זון, די ספרים פון רבי יצחק בער לעווענזאָן און די מאמרים פון ליליענבלום.

ווען פייערבערג איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, איז ער אַ חתן געוואָרן פאַר זיין כלה, „אַ טאָכטער שיין ווי די לבנה און קלאָר ווי די זון״, אַ שיינע, נאַאיווע מיידל, אַ באַשיידענע, וואָס האָט זיך זייער מיט איר פיינעם כאַראַקטער אויסגעצייכנט. זי איז געווען יונגער פון אים מיט אַ פּאָר יאָר. דער פאָטער פון דער כלה איז אויך אַ שוחט געווען אין קאָריסטישעוו, אַ שטעטל נעבן זשיטאָמיר. ער איז אָבער רייכער געווען פון פייערבערגס פאָטער. ער האָט צוגעזאָגט פייערבערגן פיר הונדערט רובל נדן. די כלה זיינע האָט פייערבערג זייער שטאַרק ליב געהאַט. נאָך מער שטאַרק איז ער צוגעבונדן גע־וואָרן צו איר נאָך דעם צווייטן באַזוך ביי איר אין שטאָט, וועלכער האָט געדויערט עטלעכע וואָכן.

אין איינעם פון זיינע טאָג־נאָטיצן שרייבט ער פאָלגענדעס וועגן איר: „איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון א. פון דער שטאָט... מיט וואונדערלעכער ליבע איז ער אינגאַנצן דורכגעדרונגען. און אינ־איינעם מיט דעם דיכטער שריי איך אויס: „אידישע טעכטער, ווער ווייסט אייער לעבן?״ אַה, עלנטע, עלנטע. אַה, מיין אומגליקלעכע געליבטע, עלנטע אידישע טאָכטער, לייכטנדער שטערן, טייערער פּערל,

וואָס איז אין שטויב פאַרזונקען... ווען דו וואָלסט מיך כאָטש איין רגע פאַרשטיין — ווי גליקלעך וואָלט איך געווען".

און ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט די כלה זיינע, אַזוי שטאַרק האָט ער פיינט געהאַט דעם מחותן זיינעם.

אין איינעם פון זיינע טאָג־נאָטיצן שרייבט ער: „היינט האָב איך געשריבן אַ בריוו צו... און צו מיין מחותן דעם שוטה". ער האָט אים אָבער אָנגעהויבן האַסן ערשט אין די לעצטע דריי יאָר. אָבער אין די ערשטע יאָרן האָט ער צו אים אַ פריינטלעכן געפיל געפילט. די סיבה פון פייערבערגס שנאה צום מחותן זיינעם אין די לעצטע טעג, גלויב איך, איז געווען דאָס, וואָס דער מחותן האָט דאַן געוואָלט אָפּ־לאָזן דעם שידוך איבער פייערבערגס קראַנקייט.

ווען פייערבערג איז געפאָרן מיט זיין פאָטער קיין קאָריסטישעוו שרייבן תנאים, האָט ער זיך דאָרטן אַביסל צוגעקילט. זיין פאָטער איז איינגעשטאַנען אין הויז פון איינעם פון זיינע באַקאַנטע. דאָס דאָ־זיקע הויז איז אַלט און צעבראָכן געווען, און ער, פייערבערג, איז געלעגן עטלעכע נעכט — הערבסט נעכט — נעבן פענצטער. האָט ער זיך צוגעקילט און האָט אָנגעהויבן הוסטן און פילן אַ ווייטיק אין זיין לינקער זייט. זיין געזונט איז ניט שטאַרק געווען אויך פריער. וואָרים דעם גאַנצן פאַריקן ווינטער איז ער געזעסן אין זיין פאָטערס קלייט אָן אַ וואַרימן בגד און אָן קאַלאָשן און ער האָט אויך דאַן אַ סך רדיפות פון זיינע עלטערן געהאַט אויסצושטיין, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך מיט השכלה פאַרנומען. איצט איז נאָך אויך צוגעקומען דאָס צוקילן זיך. האָט דאָס אַלץ אים אין בעט אַוועקגעלייגט. די קראַנקייט איז אָבער גיט שטאַרק געווען באַלד אין אָנהויב, ווי זי האָט זיך באַוויזן. דורך געהעריקער באַהאַנדלונג, וואָלט מען זי געווען געקענט איינגאַנצן באַזייטיקן. ער האָט אָבער קיין געהעריקע באַהאַנד־לונג ניט געקראָגן. ער איז אַזוי פון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער איינ־געפאַלן. אין אַ צייט אַרום האָט די קראַנקייט זיינע אָנגענומען דעם פאַטאַלן כאַראַקטער אירן: זי האָט זיך אין האַלדז־שווינדזוכט אַנט־וויקלט.

ג.

# מיין באַקאַנטשאַפט מיט פייערבערגן

פייערבערג האָט געהאַט אַ סך צרות אויסצושטיין און לײַדן פון זיינע עלטערן אויך אין דער ערשטער צייט פון דער השכלה זיינער. עס האָט אָפטמאָל געטראָפן דאָן, אַז דער פאָטער זיינער האָט אים פון הויז פאַרטריבן. פייערבערג פלעגט דאַן אַוועקגיין צו זיין פריינט האניפּאָלסקי, וועלכער האָט אין נאָענטער שכנות מיט זיין פאָטער געוואוינט. ביי אים פלעגט ער זיך אויפהאַלטן די גאַנצע צייט, וואָס ער איז פון זיין פאָטערס הויז געווען פאַרטריבן. אַזוינע רדיפות האָט פייערבערג געהאַט אויסצושטיין שוין אין דער ערשטער צייט, ווען ער איז אַ משכיל געוואָרן. אָבער אין דער תקופה, וועגן וועלכער מיר רעדן דאָ, האָבן זיך די צרות זיינע פילפאַך פאַרגרעסערט.

אָט אין יענער צייט, נאָכדעם, וואָס ער איז אַ חתן געוואָרן, האָט פייערבערג אָנגעהויבן צו פאַרטיפן זיך אויך אין חקירה ספרים. ער האָט אויך אָנגעהויבן לערנען דאַן דעם „כוזרי", וועלכן ער האָט כמעט געקענט אויף אויסוויניק. דער דאָזיקער ספר האָט גאָר אַ גרויסע ווירקונג געהאַט אויף זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג, אויף דער געשטאַלטונג פון זיינע אַנשויאונגען וועגן די אינערלעכן אינהאַלט פון אונזער געשיכטע און וועגן די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון אי־דישן לעבן.

רבי יהודה הלוי איז געווען ביי אים דער ליכטיקסטער טיף צווישן די אַלע פאַרשיידענע „חכמי ישראל" מיט זיינע רעליגיעז־פילאָזאָפישע אַנשויאונגען, מיט זיין טיף פאַרשטיין דעם גייסט פון דעם אידישן גלויבן, מיט זיין גרוים וואונדערלעך אידיש הארץ און מיט זיין קריסטאָל־ריינער עטישער פערזענלעכקייט, און דער „ספר הכוזרי" זיינער איז ביי אים געווען קודש קדשים.

ער האָט צו יענער צייט אויך געשטודירט דעם ספר „**יסוד האמונה ועמוד העבודה" פון רבי ברוך קאַסאָוער. און אויך אָט דער ספר** האָט געווירקט אַ סך אויף דער אַנטוויקלונג זיינער, אויף דער פאַר־

מירונג פון זיין פילאָזאָפישער באַציאונג צו פילע וויכטיקע פּראָבלעמען. ער האָט זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן דאַמאָלסט מיט רעליגיעז פילאָזאָפישע פראגן. האָט ער פאַר דעם צוועק אויך פלייסיק אָנגעהויבן שטודירן די איבעריקע ספרים פון די אַלטע שפּאַניש־אידישע געלערטע.

ווען שמעון פייערבערג האָט געזען, אַז דער זון זיינער דערווייטערט זיך אַלץ מער פון דעם וועג, וואָס ער האָט אים אין לעבן אָנגעצייכנט, האָט ער באַשלאָסן דאָן, אַז עס איז שוין געקומען די צייט צו צווינגען אים מיט געוואַלד, ער זאָל די השכלה זיינע פאַרוואַרפן און נעמען זיך פאַר די לימודים פון תלמוד און שחיטה. האָט ער אים אָנגעהויבן דאַמאָלסט רודפן שטאַרק און דאָס לעבן אים פאַרביטערן.

ווי גרויס אָבער די יסורים זיינע זיינען דאַמאָלסט ניט געווען, האָט ער דאָן נאָך אַלץ ניט אַזוי שטאַרק געליטן, ווי ער האָט מיט צוויי יאָר שפּעטער געליטן. די מלחמה האָט ער באַדאַרפט פירן דאַמאָלסט נאָר אין שטוב מיט די הויז־מענטשן: זיינע עלטערן, זיין עלטערע שוועסטער, זיינע קרובים און יועצים, וואָס האָבן אַלע אַ „לייט" פון אים געוואָלט מאַכן. אויך די ענויים אַליין, וואָס ער האָט דאָן געהאַט אויסצושטיין, זיינען ניט געווען אַזוינע שווערע, ווי נאָכדעם.

דאָ קומט מיר אָבער אויס איבערצוגיין צו דער צייט, ווען איך האָב זיך מיט פייערבערגן באַקאָנט. איך האָב זיך באַקאָנט מיט אים אַרום דער צייט, ווען ער איז אַ חתן געוואָרן. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט עטלעכע יאָר, און ער איז שוין געווען דאַמאָלסט אַ משכיל. ער האָט שוין געלייענט דאַמאָלסט די העברעאישע ליטעראַטור.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים איז אויף פאָלגענדן אופן פאַרגעקומען.

איך פלעג אָפּט אַריינקומען אין טשערנאָבילער קלויז אַריינקוקן דאָרט אַמאָל אין אַ ספר, וועלכער האָט זיך ביי אונדז אין טאָלנער קלייזל ניט געפונען. מיט רעכט אָדער אָן רעכט האָט מען אין געוויסע קרייזן ביי אונז אין שטאָט געהאַלטן מיך אַביסל אין מיינע קינדערשע יאָרן נאָך פאַר אַ גוטן לערנער. די עטלעכע בחורים

משכּילים, וואָס האָבן זיך געפונען דאָן צווישן די לערנער אין טשער־נאָבילער קלויז, האָבן דעריבער געוואָרפן אַן אויג אויף מיר, זיי זאָלן מיך פאַר דער השכלה געווינען. האָבן זיי שטענדיק, ווען איך פלעג אָט אין יענער קלויז קומען, אַ פאַרזוך געמאַכט דעם דאָזיקן צוועק זייערן צו דערגרייכן. ווען זיי האָבן נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט דער־רויף, האָבן זיי מיך פאַר זייער „אידייע" אַגיטירט. זייער אַגיטאַציע האָט אָבער אויף מיר קיין ווירקונג ניט געהאַט. איך האָב זיך אַביסל מיט בטול צו זיי באַצויגן: „אַזוינע גרויסע „בורלאַקעס" — לערנען אָבער קענען זיי אַזוי ווייניק" — פלעג איך ביי מיר טראַכטן שטענדיק. איך האָב זיי אַלס „מבלי עולם" באַטראַכט. אָנשטאָט צו לערנען „יורה דעה" מיט „פרי מגדים", ש"ך — חושן משפט, פאַרנעמען זיי זיך דער גוטער יאָר ווייסט מיט וואָס, מיט „מעשה ביכלעך" לייענען.

צווישן די, וואָס האָבן מיך מיט השכלה אַגיטאַציע באָמבאַרדירט, איז אויך געווען פייערבערג. אים איז אויך באַשערט געווען, סוף־כּל־סוף, די „פעסטונג" איינצונעמען. ער האָט אַזוי לאַנג זיין קאַמף אָנגעפירט, ביז ער האָט, סוף־כּל־סוף, זיין ציל דערגרייכט, אַ דאַנק די פיינע וועגן, איבער וועלכע ער האָט דעם דאָזיקן קאַמף זיינעם געפירט. ער האָט אָנגעפירט דעם דאָזיקן קאַמף זיינעם אומדירעקט. ער האָט געזוכט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער איז כּלל ניט אויסן מיך דוקא פאַר אַ משכּיל צו מאַכן, אַז דער הויפּט עיקר איז ביי אים מיך פאַר זיינעם אַ חבר צו מאַכן. יעדן מאָל ווען איך פלעג קומען אין טשערנאָבילער קלויז, פלעגט ער זוכן אַ געלעגנהייט מיט מיר אַ שמועס צו פאַרפירן, פריינטשאַפט מיט מיר צו פאַרבינדן. נאָכדעם האָט ער מיך אויך אָנגעהויבן באַזוכן אין מיין טאַלנער קלייזל. מיט דעם דאָזיקן פיינעם טאַקט זיינעם, מיט זיין געדולד האָט ער אַזוי אַרום מיך גאָר גיך פאַר זיינעם אַ פריינט דערוואָרבן. דאָן איז דאָס איבעריקע שוין פון זיך אַליין געקומען. עס האָט ניט קיין פיל צייט גענומען — און איך האָב אָנגעהויבן פיל צייט אָפּגעבן אויף תנ"ך לערנען. איך האָב גאָר גיך אויך אָנגעהויבן לייענען די העברעאישע ליטעראַטור. אין אַ משך פון אַ גאָר קורצער צייט זיינען מיר גאָר שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן איינער צום צווייטן. עס האָט זיך אַנט־וויקלט צווישן אונז אַ גרויס ליבשאַפט, טראָץ דעם, וואָס אין די הויפּט

שטריכן פון אונזער כאַראַקטער איז געווען אַזאַ גרויסער אונטערשיד צווישן אונז. מעגלעך אָבער ווידער, אַז טאַקע צוליב אָט דעם אונטערשייד אין אונזער כאַראַקטער האָט זיך צווישן אונז אַ גרויס פריינטשאַפט אַנטוויקלט. מיך האָט אין אים צוגעצויגן די ווייכקייט זיינע, זיין ראָמאַנטישע נאַטור, זיין סענטימענטאַליטעט. אים ווידער האָט אימפּאָנירט אין מיר מיינע שאַרפערע פעאיקייטן, מיין מוט, מיין שטעלן אויף זיך, מיין ענערגישע אַקטיוויטעט.

סיי ווי, מיר זיינען, ווי שוין געזאָגט, גאָר גיך איבערגעגעבענע איינער צום אַנדערן חברים געוואָרן. מיר פלעגן זיך דאַן זייער אָפט באַגעגענען און יעדן מאָל, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט, פלעגט ער מיר ברענגען ספרים צום לייענען.

אַ יאָר נאָכדעם, ווי מיר זיינען גוטע פריינט געוואָרן, בין איך פון מיין טאַלנער קלייזל צו אים אין טשערנאָבילער קלויז איבערגעגאַנגען. איך האָב דאָרט אָנגעהויבן לערנען מיינע תלמודישע למודים. אין יענער צייט זיינען מיר געווען ניט נאָר חברים, נאָר יעדער איינער פון אונז איז אויך דעם צווייטנס אַ רבי, ווי אויך אַ תלמיד זיינער געווען. איך האָב מיט אים געלערנט דאַן נדרים מיטן ר"ן. ער מיט מיר — דעם תנ"ך מיטן מלבי"ם.

פון יענע יאָרן געדענק איך אים אַלס אַ גרויסן „מעורב בין הבריות". ער איז געווען באַוועגלעך, געזעלשאַפטלעך. ער איז געווען דאַן אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער. ווען ער פלעגט פריי ווערן פון זיינע לימודים, פלעגט ער ליב האָבן צו פאַרברענגען מיט זיינע חברים אין שפּילן. מיט גרויס בריהשאַפט פלעגט ער אויסלייגן איינער אויף דעם אַנדערן די שטענדערס פון קלויז און איבערשפּרינגען איבער זיי.

אַזוי פלעגט ער אויך אַ זייער אַקטיווע טעטיקייט אָנפירן, ווען ער פלעגט זיך באָדן אין טייך. ער האָט געקענט גוט שווימען. ער איז געווען פון די באַוואוסטע שווימערס ביי אונז אין שטאָט. פלעגט ער מיט אַלעמען אויף אַ וואַסער־דועל גיין.

אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, ווען מיר פלעגן וואַך זיין אַ גאַנצע נאַכט אין קלויז, איז נאָכדעם, וואָס מיר האָבן אָפּגעלייענט, אָפּגעלערנט, אָפּגעשטיפט, פלעגט ער ניט פאַרגעסן קיינמאָל אונז אויפצופּאָדערן איבערצוטראַגן אונזער שטיפערישע טעטיקייט אויף אַ ווײַלע

אין דרויסן, מיר זאָלן זיך אַרויסלאָזן אויפן גאַס מאַכן מענשן אויפן שניי. דערביי האָט ער זיך אַליין מכבד געווען מיט דעם ערשטן שניי־מענש מאַכן.

און מערקווירדיק, פייערבערג, דער לעבעדיקער און פאַרשייטער אין זיין יוגנט, איז געווען אין זיינע קינדערשע יאָרן, לויט, ווי עס האָבן מיר דערציילט פילע, וואָס האָבן אים געקענט אין יענער צייט, אַ קינד אָן לעבן, אָן באַוועגונג. ער פלעגט דאַן זיין איינגאַנצן אויסגעטאָן פון דער קינדער־וועלט. ער פלעגט זיין אין יענער תקופה אַ בעל־פּחדן, אַ בעל־מורא. ער איז געווען צוריקגעצויגן, געהאַלטן זיך שטענדיק, ווי אַ נגזל. אין אַ געוויסער מאָס זיינען אָבער די דאָזיקע איינגנשאַפטן אויך איבערגעבליבן ביי אים אין זיינע בחורשע יאָרן, ער פלעגט זיך אָפּהאַלטן פון קריג. ער איז שטענדיק אַ „מעביר על מדותיו" געווען, ווען ער פלעגט זיך קריגן מיט איינעם פון זיינע פריינט, כאָטש אין הארצן פלעגט ער דאָך אָנהאַלטן אויף אַ געוויסער צייט אַ געוויסן פאַרדרוס, אַמאָל זאָגאַר אויך אַ געוויסן האַס. די דאָזיקע איינגנשאַפט איז קענטיק געווען ביי אים אויך אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן. די דאָזיקע איינגנשאַפט איז אָן אומפאַרמיידלעכע פסיכאָלאָגישע דערשיינונג ביי אַט יענע אַלע מענטשן, וואָס זיינען פאַרשווייגער גרויסע, וואָס קענען זייער שטעטל ניט באַשטיין אין אַ ווערטער־קאַמף מיט די, מיט וועלכע זיי האָבן אַ שטרייט.

## ד.

# די שפינאָזאַ דעבאַטע

א קליין שטיקל צייט נאָכדעם, ווי איך האָב אָנגעהויבן לערנען אין פייערבערגס קלויז, זיינען צוגעשטאַנען צו אונז נאָך עטליכע יונגע בחורים, וואָס האָבן זיך געשניטן אויף משכילים. צו יענער צייט האָבן מיר געקראָגן דעם „השחר" פון עטלעכע יאָר, דעם „דור, דור ודורשיו", דעם „מורה נבוכים", דעם „מורה נבוכי הזמן", די „פרדסים", די „לוחות". פייערבערג האָט זיך גענומען צו שטודירן פליסיק די דאָזיקע ספרים. באַזונדערס האָט ער זיין גאַנצן אינטערעס אָוועקגעגעבן דעם „מורה נבוכים". און נאָך מער איז גרוים געווען זיין פאַרטיפן זיך אין „מורה נבוכי הזמן". דער „מורה נבוכי הזמן" איז ביי אים זייער טייער געווען. אין איינעם פון זיינע נאָטיצן שרייבט ער וועגן אים פאָלגענדעס: „איך האָב געלייענט דעם „מורה נבוכי הזמן". ער איז זייער טיף. איך דענק, אַז די, וואָס פאַרשטייען אים, זיינען זייער ווייניק". אויך די מאמרים פון לילענבלום, סמאָלענסקין, אחד העם האָבן אַ גאָר גרויסע השפעה אויף אים אויסגעאיבט.

* * *

אָט יענע צייט איז דער שטורם און דראַנג פעריאָד פון זיין לעבן געווען ער האָט דאַן אַ מוראַדיקן אינערלעכן קריזיס איבערגעלעבט. ער האָט געהאַט דאַן דורכצומאַכן אַ שווערן זעעלן קאַמף. דער אינערלעכער קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביי אים לאַנגזאַם, געגן דעם גלויבן, געגן די רעליגיעזע אַנשויאונגען פון דער אַרומיקער וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט, האָט אויסגעבראָכן איצט אין אַ שאַרפער פאָרם אַ דאַנק דער השפעה, וואָס די אַלע נייע ספרים, וועלכע ער האָט איצט געשטודירט, האָבן אויף אים אויסגעאיבט. ער האָט איצט זיין גלייכ־געוויכט פאַרלאָרן. די נייע פּראָבלעמען, וואָס האָבן איצט זיין מאַרך באַהערשט, האָבן אים פון זיין רואיקייט באַרויבט. ער האָט אין יענער צייט פילע שלאָפלאָזע נעכט פאַרבראַכט. פיינלעכע ספיקות האָבן זיך דערוועקט אין אים דאַמאָלסט וועגן די וויכטיקסטע „אני

מאמינס" פון אידישן גלויבן, פיינלעכע ספיקות, וועלכע האָבן טיף זיין הארץ פארוואונדעט, פיינלעכע ספיקות, וועלכע האָבן אים צו פארצווייפלונג געבראכט, וועלכע האָבן, ווי שווערע שטיינער אויף זיין געמיט געדריקט.

ער איז געוואָרן דאָן אַ קעמפער, אַ קעמפער, וואָס פירט אָן דעם מוראדיקסטן קאַמף, וואָס מיר קענען זיך נאָר פאָרשטעלן, אַ קאַמף מיט זיך אַליין. זיין הארץ איז דאָן אָן אַרענאַ געווען פאַר אַ מוראדיקן געראנגל, אַ געראנגל צווישן נייע אידייען און אַלטע אידייען.

דעם דאָזיקן אינערלעכן קאַמף זיינעם, דעם קאַמף צווישן צוויי געגנגעזעצטע אידייען־וועלטן, וואָס קומט פאָר אין דער נשמה פון אַ מענשן, האָט ער אונז געשילדערט אין זיין שוואַנען־ליד, אין דער לעצטער גרויסער נאָוועלע זיינער „וואוהין"?", וועלכע איז אין אַזאַ גרויסער מאָס פון אויטאָביאָגראפישן כאראקטער. מיט וואונדערלעכער מייסטערשאַפט שילדערט ער דאָרטן די אַלע פאַזן פון אַזאַ אינערלעכן קאַמף, די גאַנצע טראַגישע פיינלעכקייט, וואָס אַזאַ קאַמף טראָגט אַריין אין דער נשמה פון אַ מענשן. די טיפע פסיכאָלאָגישע שילדערונגען, אין וועלכע ער שילדערט פאַר אונז די הויפּט־מאָמענטן פון דעם טראַגישן, אינערלעכן קאַמף פון נחמנען — דער הויפּט העלד פון דער נאָוועלע — וועלכער האָט אים צו זיין פאַ־טאַלן אומקום געפירט, מאַכן אָן אומגעהויערן איינדרוק אויף די לעזער. אַזויפיל קינסטלערישע אויסדרוקס קראַפט איז פאַראַן אין זיי, אַזויפיל טיפע פסיכאָלאָגישע אַריינדרינגונגען אין דער מענשלעכער נשמה.

* * *

און, נאַטירלעך, האָט זיך דער אינערלעכער קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין פייערבערגס נשמה, געענדיקט מיט אַ זיג פאַר די נייע אידייען, פאַר די נייע אנשויאונגען. פייערבערג איז אַ „מקצץ בנטיעות" — אָן אפיקורס געוואָרן. די באַליבסטע טעמעס זיינע, וועגן וועלכע ער פלעגט רעדן שטענדיק, דאַמאָלסט, זיינען געווען: וועגן דער אַנטוויקלונג פון תורה שבעל פה, וועגן די נויטיקע רע־פאָרמען, וואָס מען באַדאַרף מאַכן אין דער אידישער רעליגיע, וועגן רמב"ם, וועגן רבי יהודה הלוי, וועגן די איבעריקע חכמי ספרד,

וועגן מענדעלסאָן און סמאָלענסקין, וועגן נאַציאָנאַליזם און אַסי־מילאַציע.

* * *

צו יענער צייט האָט אונזער גרופּע באַדייטענד זיך צעוואַקסן. עס זיינען אין איר נייע מיטגלידער אַריינגעטראָטן. טראָץ דעם אָבער, וואָס זי איז איצט גרעסער געווען, ווי פריהער — האָט זי דאָך איצט אויך איינהייטלעכן כאַראַקטער, באַשטימטע אויסגעשפּראָכענע פיזי־אָנאָמיע איינגענע פאַרמאָגט. מיר האָבן שוין דאַן אַלע מער אָדער ווייניגער פעסטע איבערצייגונגען געהאַט. מיר האָבן שוין דאַן פאַרמאָגט אויסגעקריסטאַליזירטע אַנשויאונגען בנוגע די אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אונז געהאַלטן פאַראינטערעסירט. דאָס אינערלעכע לעבן פון אונזער גרופּע איז אַן אינטענסיוו, פול לעבן געווען דאַמאָלסט. אונ־זער געדאַנק איז געווען דאַן פאַרנומען שטענדיק מיט די פאַרשידנסטע וויכטיקע אידישע פּראָבלעמען, וואָס האָבן די אידישע וועלט פאַר־כאַפּט געהאַלטן דאַמאָלסט.

נאָך מער אָבער, ווי דער געדאַנק אונזערער איז געווען פאַרנומען דאַמאָלסט, איז דאַן אונזער מויל געווען פאַרנומען. גאָט מיינער, וואָס מיר האָבן עס צערעדט דאַמאָלסט. מיר האָבן פאַר פייער און וואַסער גערעדט. וואו צוויי פון אונז זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, אַזוי האָט מען באַלד אָנגעהויבן רעדן, אַזוי האָט מען באַלד אָנגעהויבן שאַרפן די צינגלעך.

נאָך איידער מיר האָבן באַוויזן איינער דעם צווייטן אַ רעכטן „שלום עליכם" אָפּגעבן, האָבן מיר שוין אַ דיסקוסיע פאַרפירט, האָבן מיר שוין אַ דעבאַטע גרייט געהאַט.

גאָר געפערלעך טומלדיק איז שוין געווען, ווען אונזער גאַנצע גרופּע, אין איר פולער מיטגלידערשאַפט, פלעגט זיך צוזאַמענקומען. לויט דער וויכטיקייט פון די פּראָבלעמען, וואָס זיינען דאַן פון אונז באַהאַנדלט געוואָרן, האָט אונזער צוזאַמענקונפט דאַן געקענט באַ־טראַכט ווערן, ווי אַ גאָר געהויבענע פאַרלאַמענט זיצונג. לויט דער מייסטערהאַפטער אָרדנונג אָבער, וואָס האָט געהערשט דאָרטן, לויט דעם געפערלעכן טומל, וואָס האָט געקענט אַ גאַנצן רעגימענט סאָל־דאַטן טויב מאַכן, האָט ער אויסגעזען, ווי איינע פון די גאָר היציקסטע

קהלשע אסיפות, אָדער טאָקע ווידער, ווי אַ שטורמישע פּאַרלאַמענט זיצונג — ווי איינע פון אָט יענע שטורמישע פּאַרלאַמענט זיצונגען אין אמאָליקן עסטרייכישן פּאַרלאַמענט — מיט דעם איינציקן אונטער־שייד, וואָס מיר האָבן קיין בענקלעך איינער אויף דעם קאָפּ פון צווייטן ניט געוואָרפן, ווי עס פלעגן זיך נוהג זיין די דעפּוטאַטן פון יענעם פּאַרלאַמענט. די קולות האָבן דערגרייכט ביזן הימל; די אויגן האָבן מיט פייער געבליצט; און די מיילער — די מיילער האָבן גע־מאָלן און געמאָלן: געמאָלן אָן אַן אויפהער, אָן אַ שיעור און אָן אַן אָפּשטעל.

די דעבאַטן האָבן זיך אַמאָל געצויגן שטונדנוויז. און אַמאָל אויך מעת לעתן גאַנצע. עס זיינען ביי אונז געווען צייטן דאַמאָלסט, וואָס דער אינהאַלט, מיט וועלכן דער גאַנצער מעת לעת אונזערער איז אויסגעפילט געוואָרן — איז דעבאַטירן געווען. אמת, מיר פלעגן זיך ביינאַכט אראָפּכאַפּן אהיים, כדי אריינצוכאַפּן אַ פּאָר שטונדן שלאָף. מער אָבער טאָקע, ווי נאָר אַ פּאָר שטונדן האָבן מיר אויף דער דאָזיקער זינדיקער תאוה ניט פאַרשווענדט. אויף מער האָט די צייט ניט געטראָגן. אַ שאָד געווען די גאָלדענע צייט, וואָס מיר האָבן אַזוי נויטיק באַדאַרפט האָבן אויף דעבאַטירן. אמת, מיר האָבן אַ פּאָר מאָל אין טאָג אויך צעפּטרט אביסל צייט אויף עפּעס איבערצו־בייסן. טאָקע אָבער נאָר אביסל צייט האָבן מיר דערויף געפּטרט. אונזער עסן האָט ביי אונז דאַמאָלסט ניט מער ווי אַ „רגע כמימרא״ געדויערט. מיר האָבן געשלונגען דאָס עסן אונזערס שטיקערווייז, כמעט. ווער האָט עס צייט געהאַט מיט ישוב הדעת צועסן, אַ גאַנצן וועזן פון דער אכילה צו מאַכן. מיר האָבן אונזער צייט אויף וויכטי־קערע זאַכן באַדאַרפט אויסנוצן — אויף דעבאַטירן. מיר פלעגן נאָר אביסל דאָס הארץ איבערכאַפּן, כדי מיר זאָלן, דעבאַטירנדיק, טויטע ניט אָוועקפאַלן. מיר האָבן אויף אַזויפיל געגעסן, אויף וויפיל עס איז אונז נויטיק געווען די נשמה צו דערהאַלטן, כדי זי זאָל אין מיטן דעבאַטירן אין אָט יענע נאָך פיל העכערע הימלען פון די, און וועל־כע מיר האָבן זיך געטראָגן דעבאַטירנדיק, ניט אָוועקפליען, אין אָט יענע הויכע הימלען, וואָס ווען אַ נשמה פאַרפליט אהין, וויל זי שוין פון דאָרט ניט צוריקקומען.

עס באַדאַרף אָבער צוגעגעבן ווערן, אַז עס זיינען אויך אַפּאַר אויסנאַמען געווען, וואָס אָנבאַלאַנגט דעם „דויער" פון די דעבאַטן.

עס זיינען פאָרגעקומען צווישן אונז אויך אַזוינע דעבאַטן, וואָס האָבן זיך ניט אַזוי לאַנג געצויגן, וואָס האָבן ניט אָנגעהאַלטן מעת לעתן גאַנצע, נאָר . . . פיל, פיל מער. אַ פּאָר דעבאַטן, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געפירט, האָבן שיעור ניט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון באַרימטן זיבן־יאָריקן — אָדער גאָר דרייסיק־יאָריקן — קריג.

איין דעבאַטע אַזאַ האָט זיך דריי מאָנאַטן געצויגן.

די דאָזיקע דעבאַטע איז באַרימט — רעדנדיק מיט דער שפּראַך פון אַ היסטאָריקער — אין דער געשיכטע פון אונזער גרופּע אַלס די גרויסע שפּינאָזאַ מחלוקת צווישן ש. צ. זעצער — איך שטעל מיין נאָמען פריער, ווייל איך בין געווען דער אָנגרייפער — און מ. ז. פייערבערג.

איך שעם מיך אויסצוזאָגן. איך מוז דאָס אָבער דאָך טאָן. איך האָב פאַרמאָגט דאַן געגנוג מוט, געגנוג אומפאַרשעמטע חוצפּה, ניט נאָר ניט צו האַלטן פון שפּינאָזאַן, נאָר אויך אויף זיינער אַ געגנער צו זיין, זיינער אַ באַקעמפער. איך בין דאַן נאָך זייער יונג געווען, זייער ווייט נאָך פון רייף צו זיין, אונגעצוימט אין געבן אויסדרוק צו מיינע געפילן, צו מיינע עמאָציעס. בין איך געווען פאַר עפּעס — בין איך געווען דערפאַר מיט מיין גאַנצן לעבן. בין איך געווען דאַגעגן עפּעס, בין איך ווידער מיט דער גאַנצער נשמה מיינער געגן דעם געווען.

איך האָב ניט געקענט שפּינאָזאַן מוחל זיין זיינע חניפה־קאָמ־פּלימענטן צום קריסטנטום. איך האָב אים ניט געקענט מוחל זיין זיין ניט אידישע נשמה, וואָס האָט געקענט אַזוי קאַלט בלייבן צו אידישע ליידן, צו אידישע צרות, וואָס האָט זיך געקענט אַזוי מאָדנע אָפּגעפרעמדט פילן צום אידישן קאָלעקטיוו; וואָס ער האָט אַזוי ווייניק זין געהאַט פאַר דעם הייליקן מאַרטירערטום פון די אנוסים פאַמיליעס אין האָלאַנד.

איך האָב אים ניט געקענט מוחל זיין, וואָס טראָץ דעם, וואָס ער האָט מיט דער פרומסטער מינע אין דער טאָגע פון אַ הייליקן אַרומגעשפּאַצירט שטענדיק, טראָץ דעם, וואָס ער האָט געלערנט, אַז

מען באַדאַרף זיך ניט אויפרעגן, אַז מען באַדאַרף זיך ניט ערגערן, אַז מען באַדאַרף זוכן צו פאַרשטיין, זוכן אַריינצודרינגען אין די טי־פע אורזאַכן פון די פאַר אונז פאַרקומענדיקע דערשיינונגען, האָט ער ביז צום סוף פון זיין לעבן ניט געקענט מוחל זיין דעם אַקט פון חרם, וואָס די אידישער קהלה אין אַמשטערדאַם איז געגן אים באַ־גאַנגען, האָט זיך אַ בייז פאַרביסן נקמה געפיל פאַר דעם דאָזיקן אַקט צו אים אין הארצן פאַרקליבן, אַ בייז פאַרביסן נקמה געפיל, וואָס האָט אים געבראַכט דערצו, ער זאָל פאַרביליקן דעם געטלעכן באַרוף זיינעם אַלס פילאָזאָף מיט שאַפן פסעוודאָ־פילאָזאָפישע טעאָריזירונג וועגן דער כלומרשטער מינדערווערדיקייט פון אידענטום אין פאַרגלייך מיט דעם קריסטענטום.

איך האָב אים ניט געקענט מוחל זיין, וואָס נעמענדיק אַזויפיל אַטמאָספערע אין זיין דענקען פון „זוהר", האָט ער מיט אַזויפיל בטול צונישט געמאַכט דאָס דאָזיקע קאָלאָסאַלע ווערק, וואָס איז מיט אַזויפיל שטראַלענדיק, בלענדענדיק געטלעכקייט פול.

אַ שיין ביסל בייז בלוט האָט מיר פאַרשאַפט אויך דאָס וואָס ער האָט מיט אַזאַ גרינג הארץ דעם גרויסן גייסטיקן ריז דעם רמב"ם, דער גרעסטער אויטאָריטעט ביי אידן אויף דעם געביט פון הלכה, דער גרעסטער אויטאָריטעט ביי אידן אויף דעם געביט פון רעליגיעז־פילאָזאָפישן דענקען — דעם גרויסן גייסטיקן ריז דעם רמב"ם, פון וועמענס ברונימער ער האָט אויך פיל וואַסער געטרונקען, מיט דער האַנט אַוועקגעמאַכט.

גאַנץ אַנדערש, ווי איך האָב זיך פאַרהאַלטן צו שפינאָזאָן, האָט זיך אָבער פייערבערג צו אים פאַרהאַלטן. ער איז אַ שטאַרקער פאַר־הערער פון שפינאָזאָן געווען. ער האָט אַ שטאַרק ליבשאַפט צו אים געפילט. האָט אים די דאָזיקע ליבשאַפט שוין אונטערגעזוכט תירוצים אויף די האַרבע קושיות, וואָס איך האָב געפרעגט. איך וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף פאַראַלעלן פירן. איך וויל אָבער דאָך זאָגן דאָ, אַז וואָס אָנבאַלאַנגט געוויסע הויפּטשטריכן אין זייער כאַראַקטער, איז געווען ביי פייערבערגן, וועלכן די שווינדזוכט קראַנקהייט זיינע האָט אים אין די גאָר יונגע יאָרן זיינע אין דער ערד געלייגט, אַ גע־

ווייסע נשמה פארוואנדשאפט מיט שפינאָזאָן, וועלכער איז אויך פון דער דאָזיקער קראַנקהייט צו פריצייטיקן טויט געפירט געוואָרן.

* * *

ווי געזאָגט, האָט זיך די דאָזיקע שפינאָזאַ דעבאַטע געצויגן מאָנאַטן. די לעצטע טעג אָבער האָט זי אָנגעהויבן אביסל צו היציק ווערן. די דעבאַטע האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ מחלוקת. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערצוקריגן צוביסלעך. מיר האָבן אָנגעהויבן פּערזענלעך זיך אָנגרייפן. מורא האָבנדיק, אַז די געשיכטע זאָל צו ווייט ניט אַוועק, האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן באַלד אין אָנהויב אָן ענדע דערצו מאַכן. דער בעסטער מיטל דערויף האָט אונז געשיינט צו זיין, אַז מיר זאָלן פון אונזער דעבאַטע „שבעל פּה" אַ דעבאַטע „שבכתב" מאַכן, אַז אָנשטאָט דעבאַטירן מינדלעך, זאָלן מיר דעבאַטירן שריפטלעך. שרייבנדיק אונזערע אַרגומענטן, האָבן מיר געגלויבט, וועלן מיר קענען מער נעצווימט בלייבן אין אונזער אָנגרייפן איינער דעם צווייטן, וועלן מיר זיך קענען מער אָנשטענדיק פאַרהאַלטן איינער צום אַנדערן.

דער דאָזיקער באַשלוס האָט אָבער אויך צום „שלום פון דער דעבאַטע" געפירט. מער ווי איין פאַרזוך צו פירן די דעבאַטע שריפטלעך האָבן מיר ניט געמאַכט. די ווייטערדיקע פאָרטזעצונגען זיינען ניט געקומען. איבעריגנס, מען באַדאַרף דערויף געוויס „גם זה לטובה" זאָגן. ווען ניט דער דאָזיקער באַשלוס, וואָלט יענע דעבאַטע טאַקע ווירקלעך אפשר אין אַ דרייסיק־יאָריקן קריג פאַרוואַנדלט געוואָרן, וואָלטן מיר אויך איצט נאָך אפשר געהאַלטן אין מיטן דעבאַטירן.

ה.

# די אחד העם דעבאַטע

**אַ צווייטע לאַנגע דעבאַטע איז געווען די אחד־העם דעבאַטע.**

אין יענע יאָרן האָט אחד העמס שטערן העל באַלויכטן דעם הימל פון דער העברעישער פובליציסטיק. **אחד העם האָט אָנגעהויבן ווערן** דאַן דער גאָט פון דער אידישער נאַציאָנאַל־געשטימטער יוגנט. אַפילו אין די געגנערישע קרייזן, ווי אין די קרייזן פון „בונד", ווי אויך אין די קרייזן פון דער אַסימילירטער אידישער אינטעליגענץ, האָט מען זיך מיט אומגעהויערן רעספעקט, מיט גרויס אַכטונג באַצויגן צו אים. דער טאָג, ווען עס איז אָנגעקומען אַ העפט „השלוח" — די העברעאי־שע מאָנאַטשריפט, וואָס אחד העם איז איר רעדאַקטאָר געווען — אין וועלכן עס איז געווען אחד העמס אַ מאמר, איז אַן אמתער יום־טוב געווען ביים העברעאישן לעזער. מען האָט אין ברייטע אידישע קרייזן דאַמאָלסט געוואַרט אויף זיין וואָרט וועגן יעדער וויכטיקער פראַגע אין אידישן לעבן, ווי אויף דעם וואָרט פון אַ נביא. זיין איינפלוס אויף דעם העברעאישן לעזער קען זיך, אפשר, פאַרגלייכן מיט דעם איינפלוס, וואָס סמאָלענסקין האָט מיט אַ קאַרגן דור פריער אויף דעם העברעאישן לעזער אויסגעאיבט. וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דעם איינפלוס, וואָס אחד העם האָט אויסגעאיבט אויף די מער איג־טעליגענטערע קרייזן צווישן די העברעאישע לעזער, איז זי נאָך פיל שטאַרקער געווען פון דער השפעה, וואָס סמאָלענסקין האָט בשעתו געהאַט אויף זיי.

דער אַריינטריט פון אחד העמען אין דער העברעאישער ליטע־ראַטור איז אַ מערקווירדיקע דערשיינונג אין איר געווען.

דעם ערשטן אַריינטריט אין דער ליטעראַטור האָט ער געמאַכט, כמעט, ווי אַ זייטיקער, ווי אַ גאַסט, וואָס קומט אַריין אין אַ פרעמד הויז אַ געוויסן ענין צו דערליידיקן מיט דעם געדאַנק, ער זאָל באַלד נאָך דעם ענדיקן דעם ענין זיינעם דאָס הויז אויף שטענדיק פאַרלאָזן. שוין באַלד אָבער נאָך דעם ערשטן וויזיט זיינעם איז דער גאַסט דעם

הויפּט בעל הבית פון דער העברעאישער פּובליציסטיק געוואָרן, איר טאָן געבער, איר וואָרט פירער.

„אחד העם" האָט ער זיך אונטערגעשריבן אונטער דעם ערשטן אַרטיקל זיינעם מיט דעם נאָמען „לא זה הדרך", וואָס ער האָט געדרוקט אין „המליץ" פון יאָר תרמ"ט — מיט דער כוונה אונטערצושטרייכן, אַז ער באַטראַכט זיך ניט פאַר קיין שריפטשטעלער, פאַר קיין לערער, פאַר קיין וועג־ווייזער, נאָר ווי אַ פּשוטער בשר ודם, ווי איינער פון פאָלק, אַ לעזער ווי אַנדערע העברעאישע לעזער.

אָבער אָט די אַלע אַנדערע העברעאישע לעזער האָבן באַלד פאַר־וואָרפן דעם דאָזיקן זין, וואָס אחד העם האָט געוואָלט געבן די דאָזיקע צוויי ווערטער. זיי האָבן באַלד אין זיי אַריינגעלייגט גאָר אַן אַנדער זין, אַ דיאַמעטראַל געגענגעזעצטן זין. זיי האָבן די דאָזיקע צוויי ווערטער אויסגעטייטשט ניט איינער פון פאָלק, איינער פון פילע, נאָר דער איינ־ציקער פון פאָלק, דער אויסדערוויילטער פון פאָלק, דער בעסטער פון אַלע. זיי האָבן אים באַלד דעם טיטול „מורנו" געגעבן. זיי האָבן אים באַלד אַלס זייער רבין געקרוינט, אַלס זייער לערער, זייער וועג־ווייזער. די וואַרנונג זיינע „לא זה הדרך", וועלכע ער האָט באַטראַכט ניט נאָר אַלס זיין ערשטן אַרויסטריט אין דער ליטעראַטור, נאָר אויך אַלס זיין לעצטן, האָט אין באַוועגונג געבראַכט די אויגן פון דעם העברעאיש לעזנדן פּובליקום, זיי זאָלן זיך ווענדן צו אים, ער זאָל אויך אויף ווייטער מיט זיינע וואַרנונגען פאַר זיי אַרויסטרעטן, אַז צוזאַמען דערמיט, וואָס ער האָט זיי געגן דעם פאַלשן וועג געוואָרנט, זאָל ער זיי אויך דעם ריכטיקן וועג ווייזן, אַז ער זאָל זייער שטענדיקער בעל יועץ בלייבן, זייער שטענדיקער פירער ווערן.

און מערקווירדיק, ניט נאָר דער העברעאישער לעזער האָט זיך, ווי פאַרהיפּנאָטיזירט אונטער דער השפּעה פון אחד העם אונטער־געוואָרפן, נאָר אויך דער העברעאישער שריפטשטעלער. אויך פילע פון די העברעאישע שריפטשטעלער האָבן אים באַלד אַלס זייער לע־רער, אַלס זייער וועג־ווייזער דערקלערט. „קנאת סופרים" האָט דאָ גאָרניט געקענט אויפטאָן. די אחד־העם דערשיינונג איז פאַר זיי ווי אַ התגלות געווען, ווי אַ התגלות, פאַר וועלכע מען מוז מיט געבויגענע קעפּ בלייבן שטיין. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט קיין אַנדער העברעאי־

שער שריפטשטעלער אזא געוואלדיק גרויסן איינפלוס אויף זיינע קאלעגן שריפטשטעלער אויסגעאיבט, ווי אחד העם האט אזא איינפלוס אויסגעאיבט. ביי א גאר גרויסער צאל פון די העברעאישע שריפט־שטעלער פון יענער צייט — אויך ביי אזוינע, וואס האבן זיך צווישן די באדייטנדסטע העברעאישע שריפטשטעלער פון יענעם דור גע־רעכנט, איז ער ביז צום העכסטן גראד פארגעטערט געווען. די באַ־ציאונג זייערע צו אים איז געווען ניט נאר א באציאונג פון אכטונג, פון רעספעקט, פון אקצעפטירן די אידייען, וואס ער האט געפרייידיקט, די מיינונגען, וואס ער האט פארטראטן, נאר אויך א באציהונג פון חסידישער באגייסטערונג, פון חסידישער באוואונדערונג. זיי האבן זיך באצויגן צו אים ניט ווי נאכפאלגער צו זייער פירער, ווי תלמידים צו זייער לערער, נאר אויך ווי חסידים צו זייער רבין.

דיאחד העם דערשיינונג האט, ווירקליך, פארמאגט אין זיך עט־וואס פון רעליגיעזן כאראקטער.

דער איינפלוס פון אחד העם האט זיך גאר גיך איבערגעטראגן פון דער ליטעראטור אויך אין רעאלן לעבן. ער איז דער שעפער גע־ווארן פון א גאנצער עטיש־קולטורעלער באוועגונג, וועלכע האט צום לעבן געבראכט די גרינדונג פון א געהיימען ארדן, וועלכער האט באַ־דארפט אריינגעמען אין זיך די אלע בעסטע כחות פון אידישן פאלק, דעם ארדן „בני משה", פון וועלכן אחד העם איז דער נשיא געווען. דעם ארדן „בני משה", די מיטגלידער פון וועלכן עס האבן זיך גע־שטעלט די שווערע — צוזאמען דערמיט אבער: אויך די דאנקבארע — אויפגאבע, צו ברענגען פאר דעם אידישן פאלק די אינערלעכע באפרייאונג זיינע, צו ברענגען דאס אידישע פאלק צו דער מדרגה פון א מוסטער פאלק, ווי משה רבנו האט בשעתו געבראכט די אידן אין מצרים די באפרייאונג זייערע, די פארמירונג אלס א נאציע.

עס איז ווירקלעך געווען אין די צווישן באציהונגען צווישן אחד העמען מיט די אנהענגער זיינע עטוואס פון גוט אידישער אטמאספערע.

ניט נאר האבן זיינע אנהענגער זיך צו אים באצויגן, ווי חסידים באציען זיך צו זייער רבין, נאר אויך ערשליין האט זיך אין באצוג צו זיי אין א גרויסער מאס, ווי א חסידישער רבי געהאלטן. ער האט פיל ליבשאפט פארמאגט פאר זיין קרייז מענשן, פיל איבערגעבנקייט,

פיל אינערלעכע צוגעבונדנקייט צוזיי. דאָס אַלץ איז אָבער איינגע־הילט געווען אין אויסערלעכער אָפּגעפרעמדקייט, אין אויסערלעכער צוריקגעהאַלטנקייט. פּונקט ווי די פריינטשאַפט, וואָס דער רבי האָלט אָן מיט חסידים זיינע, פיקסירט זיך קיינמאָל ניט אין אַ „פּאַני בראַ־טישער" פאָרם, אַזוי האָט זיך זיין פריינטשאַפט מיט די מקורבים זיינע קיינמאָל ניט אין אַזאַ פאָרם פיקסירט. ווי נאָענט ער איז ניט צו איינעם געווען, האָט ער דאָך אים ווייט געגוג פון זיך געהאַלטן, אַז יענער זאָל ניט צו נאָענט צו אים צוקומען. עס איז אין זיין גאַנ־צער באַנעמונג אין לעבן, אין זיין גאַנצן פאַרהאַלטן זיך צו די אָרומי־קע מענשן, אפילו צו די גאָר נאָענטסטע, זייער פיל פון גוט־אידישן שטאָט געווען.

---

עס זיינען פאַראַן מאָמענטן אין לעבן פון אַ מענשן, וואָס טראָץ דעם, וואָס אין פלוג דערשיינען זיי פאַר אונז אַלס גאַנץ צופעליקע, האָבן זיי דאָך אַ מערקווירדיקע סימבאָלישע באַדייטונג פאַר זיין גאַנץ לעבן. אַ צופעליקער אינהאַלט פון אַ געוויסן מאָמענט אין מענשליכן לעבן אַנטהאַלט אַמאָל אין זיךאויף אַ מערקווירדיקן אופן די הויפּט כאַראַקטער־שטריכן פון אָט יענעם מענשן, די הויפּט שטריכן פון זיין אינערלעכער וועזנטלעכקייט.

אחד העם איז אין זיין יוגנט אויף איין טאָג טאַקע אַן אמת'ער — ניט נאָר אין פיגוראַטיוון זין פון וואָרט, נאָר טאַקע אין אָריגי־נעלן זין זיינעם — אַ רבי פון אמתע חסידים געווען. דאָס איז פאָר־געקומען באַלד נאָך דער חתונה זיינער, ווען ער איז ביי זיין שווער אויף קעסט געווען. דער שווער זיינער איז אַ גוטער איד געווען. האָט זיך איינמאָל געמאַכט, אַז ער — דער שווער — איז קראַנק געווען. האָט ער אים — אחד העמען — איבערגעגעבן, ער זאָל שבת די טישן פּראַווען, ער זאָל פאַר די חסידים, וואָס זיינען געקומען צו אים אויף שבת, „תורה" זאָגן.

אָט אַזוי האָט אחד העם פון אַ צדיק, צו וועלכן טויזנטער חסידים זיינען געפאָרן, „סמיכה "אַלס „רבי" געקראָגן; אָט אַזוי איז ער פון

אמתע חסידים אלס רבי געקרוינט געוואָרן. איז ער אזוי שוין זיין גאנצן לעבן א רבי געבליבן, א רבי, אמת, אין א גאנץ אנדערער חסידישער אַטמאָספערע, א רבי פון גאנץ אנדערע חסידים, וואָס האָט גאנץ אנדערע „טישן” אין די פּריוואַטצונאכטן געפראוועט, „טישן” ביי וועלכע די חסידים צוזאמען מיט דעם רבין אליין, זיינען מיט סיגארעטלעך אין די מיילער געזעסן, וואָס האָט גאנץ אנדערע „תורות” — איבעריגענס, וואָס אנבאלאַנגט די „תורות”, האָבן דאָך די נייע תורות, זיינע תורות, א געוויסע פארוואנדשאפט מיט די אלטע תורות פארמאָגט — געזאָגט; אָבער דאָך א רבי.

יעדן פּריוואַטצונאכטס פלעגן זיך צוזאמענקומען צו אים אין הויז די „פני” פון דער אידישער אינטעליגענץ אין אָדעס, די פיינ־סטע פאָרשטייער פון דער העברעאישער ליטעראַטור. מען פלעגט ביז שפּעט אין דער נאכט פארברייינגען און ארומריידן פארשיידענע וויכ־טיקע פראגן, באהאנדלען פארשידענע וויכטיקע ענינים, אלגעמיינע, ווי אויך אידישע. אחד העם אליין האָט זיך ווייניק באַטייליקט אין די דעבאטן. א רבי דעבאַטירט ניט מיט די חסידים זיינע. ער האָט בכלל זייער ווייניק גערעדט אויף די דאָזיקע צוזאמענקונפטן ביי אים אין הויז. א רבי רעדט ניט קיין סך. א רבי זאָגט נאָר אָפּ פון צייט צו צייט דאָס ביסל תורה זיינס פאר די חסידים זיינע. האָט ער אויך פון צייט צו צייט אויף די דאָזיקע צוזאמעקונפטן פאר די חסידים זיינע, וואָס זיינען געווען פארזאמלט ארום אים, זיין ביסל תורה אָפּגעזאָגט. שווייגנדיק די גאנצע צייט, וואָס די דעבאטן זיינען אָנגעגאנגען, אייג־הערנדיק זיך אָבער גלייכצייטיק מיט אויפמערקזאמקייט אין דעם, וואָס עס איז פון יעדן איינעם פון די דעבאטאנטן גערעדט געוואָרן וועגן די באשפּראָכענע ענינים, האָט ער אין דעם מאָמענט, ווען די די דעבאטע האָט זיך אין א טעמפּן ווינקל פארהאַקט, ווי עס טרעפט אָפט מיט דעבאטן, וואָס ווערן געפירט אויף אזוינע צוזאמענקונפטן, זיין אַנטשיידן וואָרט געזאָגט, זיין אַנטשיידן וואָרט, וואָס האָט פיל מער געטראָגן דעם כאראקטער פון רעפערירן איבער דער טעמע, וואָס עס איז פון די דעבאטאנטן באהאנדלט געוואָרן, ווי דעם כאראקטער פון

ש. צ. זעצער

א דירעקטן אנטיילנעמען אין די דעבאטן, וואָס זיינען געפירט געוואָרן וועגן דער דאָזיקער טעמע.

---

און גרויס ווי עס איז געווען די אויפמערקזאַמקייט פון רבין, ווען די חסידים זיינע האָבן זיך געאַמפּערט דעבאַטירנדיק די ענינים, וואָס זיינען פון זיי באַהאַנדלט געוואָרן, איז נאָך פיל, פיל מער גרע־סער געווען, נאַטירלעך, די אויפמערקזאַמקייט פון די חסידים, ווען דער רבי האָט דאָס וואָרט גענומען. זייער באַציאונג צו אים אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיין תורה געזאָגט, איזווירקלעך געווען ווי די באַציאונג פון די חסידים צו דער תורה פון זייער רבין. מען האָט מויל און אויערן אויפגעשטעלט, מען זאָל, חלילה, קיין איין וואָרט ניט פאַרלירן. מען האָט יעדע זילבע געשלונגען.

און אויך אַפילו דעם ענין פון „חוזרים" האָט זיין תורה פאַרמאָגט. פּונקט ווי די גוט־אידישע תורה, אַזוי האָט אויך זיין תורה „חוזרים" פאַרמאָגט, „חוזרים", וואָס פלעגן איבערזאָגן די תורה זיינע נאָכן טיש פראַווען אין זייער צוזאַמענקונפט אָן דעם רבין. מען פלעגט זי אויך אויסטייטשן, כוונות אין איר אריינלעגן, פּירושים צו איר געבן פּונקט ווי די חסידים זיינען זיך נוהג צו טאָן מיט דער תורה פון זייער רבין, נאָכדעם ווי זיי גייען אַוועק פון טיש, ביי וועלכן זיי האָבן די דאָזיקע תורה געהערט.

און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס עס האָט זיך פאַר־מירט אַזאַ באַציאונג אין דער העברעאישער ליטעראַטור צו אחד העמען.

מיט זיין אריינטרעטן אין דער העברעאישער ליטעראַטור האָט ער באַלד דערהויבן די העברעאישע פּובליציסטיק צו אַזאַ הויך, אויף וועלכער זי איז קיינמאָל פריער ניט געשטאַנען. ער האָט אריינגע־טראָגן אין איר אַזאַ טאָן, וועלכער האָט זיך פריער אין איר ניט געהערט, אַזאַ מין אַרט שרייבן, פון וועלכן זי האָט פריער ניט גע־וואוסט.